# שול-ביבליאטעק

№ 14

א. פושקין

# א מעשה מיט א בת-מלכה
# און זיבן גבורים



פארלאג / קולטור-ליגע / ווארשע

# שול-ביבליאטעק

№ 14

א. פושקין

# א מעשה מיט א בת-מלכה און זיבן גבורים

ייִדיש ל. ביידוס



פארלאג / קולטור-ליגע / ווארשע

געדרוקט אין 3000 עקז. / זעצעריי ברוק און ביר
דרוקעריי י. הענדלער, דלוגא 26 / ווארשע 1922

A. Puszkin—Powiastka o Królewnie i Siedmiu Bohaterach. Tłom.—L. Najdus. Wyd. „Kultur-Lige", Warszawa, 1922. Druk. I. Hendlera, Warszawa, Długa 26

ס'האָט דער מלך זיך צעזעגנט,
זיך געלאָזט אין ווייטער געגנט,
און די מלכּה, שיין און צאַרט,
זיצט בײַם פענסטער אַליין און וואַרט.
וואַרט און וואַרט פון פרי ביז מאָרגן,
קוקט אין פעלד אַרײַן פול זאָרגן,
קוקט דורך ס'פענסטער אויפן שניי,
ביז די אויגן טוען וויי.
זיצט און וואַרט אַליין אין יסורים,
און זי זעט נאָר: ס'דרייט דער שטורעם,
ס'פאַלט דער שניי און פאַלט און פאַלט,
און די ערד איז ווייס־צעשטראַלט.
ניין חדשים שנעל פאַרגייען,
און זי וואַרט נאָך אַליין אין ווייען,
און ס'האָט גאָט אין ווינטער־נאַכט
איר אַ טעכטערל געבראַכט.

ס׳קומט אויף מאָרגן דער געגאַרטער
ליבער גאַסט, דער לאַנג ערוואַרטער,
פון דעם ווייטן, ווייטן קאַנט
קומט ער אָנעט אין זיין לאַנד.
האָט די קיניגן דערזען אים,
און אין אויגנבליק אין יענעם
איז זי, שוואַך און קראַנקערהייט,
באַלד געשטאָרבן פאַר גרויס פרייד.

ס׳קאָן דעם מלך טרייסטן קיינער;
דאָך איז זינדיק יעדער איינער:
ס׳גייט דער יאָר אַוועקעט טריי,
האָט ער חתונה אויפסניי.
ס׳איז דאָס נייע יונגע ווייבל
שיין און צערטלעך ווי אַ טייבל,
הויך און ווייס און בויגיק=שלאַנק,
פול מיט שכל און געדאַנק;
נאָר ס׳איז פול מיט שטאָלץ געוועזן
און מיט אייפערזוכט איר וועזן.
און באַקומען האָט זי דאַן
אַ קליין שפּיגל אין נדן;

שווער דעם סוד געווען באַשיידן:
ס'האָט געקאָנט דער שפּיגל ריידן.
און געווען מיט אים אליין
איז זי גוטמוטיק און שיין;
פלעגט זיך וויצלען, פול מיט פריידן,
און אַזוי צום שפּיגל ריידן:
„שפּיגל, שפּיגעלע, פאַרטרוי
מיר דעם אמת גאַנץ גענוי —
איז פאַראַן חוץ מיר נאָך איינע
אַזאַ ווייסע, אַזאַ שיינע?"
און דער שפּיגל ענטפערט איר:
„יאָ, דער אמת איז ביי דיר;
ס'איז נישטאָ חוץ דיר נאָך איינע
אַזאַ ווייסע, אַזאַ שיינע!"
און די מלכּה טוט אַ לאַך,
מיט די פּלייצעס טוט אַ מאַך,
מיט די אויגן ווינקט צום טאַקט זי,
און מיט אירע פינגער קנאַקט זי,
און זי דרייט זיך אויס און איין,
קוקט אין שפּיגעלע אַריין.

נאָר די יאָרן טוען פֿליען:
די בת=מלכּה טוט זיך בליען,
אַלץ געוואַקסן יונג און שיין
און צעבליט זיך פֿול מיט חן;
ווייסער פּנים, שוואַרצע ברעמען,
און אַ צנועה – פּלעגט זיך שעמען.
און פֿאַרליבט אין פּראַכט דעם קינדס
האָט אַלישע זיך, דער פּרינץ.
ס׳קומט דער שדכן; ס׳פּרייט דעם פֿאָטער;
אַ נדן פֿאַר איר שוין האָט ער:
הונדערט פּערציק שלעסער ווי,
זיבן מסחר=שטעט דערצו.

אויף דעם קנס=מאָל האָט געגרייט זיך
דאַן די מלכּה, אַלץ געקליידט זיך,
קוקט אין שפּיגעלע צומאָל,
און עס קלינגט איר ליבער קול:
„זאָג, פֿאַראַן נאָך ערגעץ איינע
אַזאַ ווייסע, אַזאַ שיינע?“
און דער שפּיגל ענטפֿערט איר:
„יאָ, דאָך מוז איך זאָגן דיר —

די בת-מלכה, אונזער כלה,
„זי איז פרעכטיקער פון אלע".
טוט די מלכה זיך א קאך,
מיט איר הענטל טוט א פאך,
פאטשט דעם שפיגל אן א ביסל,
טוט א טופע מיטן פיסל! . .
„אך, דו חוצפהדיקע גלאז,
טוסט צולהכעיס מיר, צי וואס?!
קאן זי דען צו מיר זיך גלייכן?
נאר מיין כעס ועט זי נישט ווייכן!
הערסט, א נייע שיינהייט גאר!
ניט אומזיסט דאך איז זי קלאר:
ס'פלעגט איר מאמע, פול מיט ווייען,
קוקן שטענדיק אויף די שנייען!
אבער זאג, איך פרעג ביי דיר:
קאן זי שענער זיין פון מיר?
קאן איר שיינקייט העלער גלאנצן?
גיי אדורך דעם לאנד דעם גאנצן —
קיינער גלייכט זיך נישט צו מיר".
און דער שפיגל ענטפערט איר:

„אָבער דאָך איז אונזער כלה
קלאָרער, פּרעכטיקער פון אלע״.
ס׳העלפט קיין זאַך ניט. און זי נעמט
שנעל איר שפּיגל און פאַרקלעמט
הינטער באַנק פאַרוואַרפן פּרוּווט זי,
און איר דינסט די טרייע רופט זי
איינס און צוויי — און אויף דער שטעל
גיט אַרויס זי אַ באַפעל:
די בת־מלכה ווייט פאַרשיקן
אין אַ וואַלד און פעסט פאַרשטריקן;
ס׳וועט אין שנייען און אין אייז
זיין פאַר וועלף אַ גוטע שפּייז.

אָך, צי קאָן מען זיך דאָ קלייגן,
מיט דער קיניגן זיך קריגן?
ס׳פאָלגט דאָס דינסט־מיידל און באַלד
די בת־מלכה שלעפּט אין וואַלד,
שלעפּט אַוועק אין ווייטסטע עקן.
די בת־מלכה נעמט זיך שרעקן
און זי בעט זיך: „ליבעס קינד.
זאָג, אין וואָס באַשטייט מיין זינד?

כ׳בעט דיך, גוטע, זאָלסט מיך שוינען!
וועט מען מיך אַלס מלכּה קרוינען —
„גיב איך דאַן דיר אַ געשאַנק״.
יענע, ליבנדיק זי לאַנג,
האָט געשענקט איר דאַן די פרייהייט,
און אַ זאָג געטאָן מיט טרייהייט:
„האָב קיין צער ניט, מעגסט זיך גיין!״
און אַוועק אַהיים אַליין.
פרעגט די מלכּה: „ניט פאַרגעסן
האסט פאַרשיקן די פּרינצעסן?״
„דאָרטן שטייט זי אין דעם וואַלד״,
ענטפערט אָפּ דאָס מיידל באַלד:
„פעסט פאַרשטריקט, קיין האַנט קיין פרייע;
וועט איר אָנטרעפן אַ חיה,
וועט עס לינדערן איר פּיין —
ס׳וועט צו שטאַרבן גרינגער זיין״.

און עס טוט אַ בשורה שאַלן:
די בת־מלכּה איז פאַרפאַלן!
ס׳בענקט דער מלך שטאַרק נאָך איר;
און אלישע, אָן אַ שיער

דאַוונענדיק פון כלהס וועגן,
לאָזט זיך באַלד אין ווייטע וועגן,
לאָזט זיך אויפזוכן זיין קרוין —
זיין געליבטע, יונג און שיין.

נאָר פון איינזאַמקייט געפאַנגען,
איז זיין כלה זיך געגאַנגען
אָן א ציל און אָן א מאָס —
ביז דערזען האָט זי א שלאָס.
בילן האָט א הונט גענומען,
נאָר געאיילט זיך באַלד אנטשטומען;
אין דעם טויער גייט זי אום —
אריפן הויף איז שטיל און שטום.
ס׳לעקט דער הונט זי, נעמט זיך פרעסן,
און עס איילט זיך די פרינצעסן,
לויפט ארויפעט צו דער טיר,
און זי טוט א קלאַפּ אין איר.
און די טיר פון שלאָס צעשפּאַלט זיך,
און א חדרל צעשטראַלט זיך, —
און עס שטייען אין דער לענג
טעפיך-אויסגעבעטע בענק,

און אַ טיש פון דעמב געשניצטער,
און אַן אויוון שיין געקריצטער.
זעט דאָס מיידל: פרום און גוט
לעבן מענטשן דאָ בארוט;
גוט וועט זיין איר ביי די שכנים.
נאָר דערווייל זעט מען קיינעם.
גייט זי דורך דאָס גאַנצע הויז,
קלייבט אַלץ צו און ציִרט אַלץ אויס.
ביי אַ ליכטעלע אַ העלער
הייצט זי אויס דעם אויוון שנעלער,
קריכט אַרויף מיט אַ געבעט
אויפן אויסגעבעטן בעט.

ס׳קומט די מיטאָג־שעה אַלץ נענטער,
ס׳הילכט אַ רעש אַן אומבאַקענטער:
זיבן יונגען שטאַרק און שיין
קומען אין דעם שלאָס צוגיין.
זאָגט דער עלטסטער: „ס׳אַר אַ שיינקייט!
ס׳אַר אַ הונדערלעכע ריינקייט!
ס׳האָט ווער צוגעקליבן צאַרט,
און אויף אונז געוויס געוואַרט.

ווער זשע ביסטו ? לאָז מען זען דיך,
קום, באַפּריינט דיך און באַקען דיך:
אויב דו ביסט אַן אַלטער מאַן —
זיי פאַר אונז אַ פעטער דאַן;
ביסטו יונג און פֿול מיט פייער —
זיי אַ ברודער אַ געטרייער;
אויב אַ זקנה ביסטו — זיי
דאַן פאַר אונז אַ באָבע טריי;
אויב אַ מיידעלע אַ שיינע —
זיי אַ שוועסטער, ליבע שכנה!

די בת=מלכה גייט אַראָפּ,
טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ,
גיט אַ בייג זיך מיט אַ שמייכל,
און זי בעט זיי — זיין איר מוחל
וואָס אַריין איז זי צו זיי
אומגעבעטן גאָר אַזוי.
פון איר שפּראַך האָט מען געלעזן —
ס׳איז אַ קיניג=קינד געוועזן;
און זיי זעצן זי אין רו,
טראָגן איר אַ קוכן צו,

פילע כּוסות איבערפּולטע
אויף די טאַצן די באַגילטע.
נאָר קיין בראָנפן נישט געוואַלט
האָט דאָס מיידעלע, דאָס גאָלד.
ברעכט זי אָפּעט נאָר דעם קוכן,
נעמט אַ שטיקעלע פאַרזוכן,
און ערלויבעניש זי בעט
זיך אַוועקלייגן אין בעט.
און זיי פירן זי אין קליידער
גלייך אַריין אין העלן חדר,
און זיי לאָזן זי אַליין,
ביז עס קומט דער שלאָף צוגיין.

טעג נאָך טעג געשווינד פאַרשווימען,
די בת־מלכּה בלייבט אַליין לעבן
אויף איר אַלטן ליבן אָרט
ביי גבּורים זיבן דאָרט.
מיט דעם ערשטן מאָרגן־פייער
אין אַ מחנה אַ געטרייער
מאַכן ברידער אַ שפּאַציר,
שיסן ענטלעך אָן אַ שיער.

ס'בלייבט דערווײַלע פרום און שיין
בעל־הביתטעטשקע אַליין.
נעמט אַלץ צוקלייבן, באַנייען,
פֿירט מיט זיי קיין קריגערייען,
און זיי פֿאָלגן איר אָן ברעג.
אַזוי שווינדן טעג נאָך טעג.
האָבן זיי זי ליב געקראָגן.

אין דערפֿרי, ביים רעכטן טאָגן,
זײַנען זיי אַמאָל אַריין
אין איר חדר מיידלש־פֿיין;
זאָגט דער עלטסטער ריז דער גרעסטער:
„ווײַסט אַליין — ביסט אונז אַ שוועסטער,
זיבן זײַנען מיר, און דיך
ליבן אַלע מיר; צו זיך
וואָלט דיך יעדער ווען נעמען,
און אָט דאָס טוט טאַקע קלעמען;
מאַך אַ סוף צום קריגערײַ:
איינעם זײַ אַ ווײַב געטרײַ!
און די אַנדרע וואָלט געבליבן
ווי אַ שוועסטער טרײַ דיך ליבן.

וואָס, דו שאָקלסט מיטן קאָפּ?
זאָגסט דען, טײַערע, אונז אָפּ?"
— „אױ, איר גוטע יונגען פֿײַנע,
„אױ, איר טרײַע ברידער מײַנע",
זאָגט דאָס מײדל אױס איר סוד:
„אױב איך לײג אצינד, זאָל גאָט
באַלד מיך טױטן דאָ פֿאַר אַלע...
וואָס זשע טו איך? — כ'בין אַ כּלה.
איר פֿאַר מיר זײַט אַלע גלײַך,
אַלע בראַװ און קלוג און רײַך,
און איך מוז אײַך אַלע ליבן;
אָבער טרײַ בין איך געבליבן:
פּרינץ אַלישע מיר געפֿעלט
מער פֿון אַלע אין דער װעלט."

שטײען די ברידער אָן באַװעגן,
קראַצן זיך דעם קאָפּ פֿאַרלעגן.
„פֿרעגן איז דאָך נישט קײן זינד",
זאָגט דער עלטסטער — „מער, מײַן קינד,
רעד איך נישט פֿון דעם, איך שפּאַס נישט!"
— „נײן, ס'איז גאָרנישט... כ'פֿיל קײן כּעס נישט",

ענטפערט יענע מיט געדולד —
„און דער אָפּזאָג איז קיין שולד".
און די זיבן יונגען אַלע
זיך צעשיידן מיט דער כּלה,
קערן אום צו זיך אויפסניי
און זיי לעבן ווידער טריי.

אין דערווײַלע נישט פאַרגעסן
האָט די מלכּה די פּרינצעסן,
נישט געקאָנט איר מוחל זיין;
פלעגט אין שפּיגעלע אַריין
קוקן, כּעסן זיך און בלאָזן,
און צום סוף מיט אים געלאָזן
זיך אין צימער, און פאַר אים,
באַלד פאַרגעסנדיק איר גרים,
האָט גענומען חנדלעך מאַכן,
אָנגעהויבן שמייכלען, לאַכן:
„שפּיגל, שפּיגעלע! פאַרטרוי
מיר דעם אמת גאַנץ גענוי:
ווער, חוץ מיר, איז אַזאַ שיינע,
אַזאַ ראָזיקע און ריינע?"

און דער שפּיגל ענטפערט איר:
„יאָ, דאָך מוז איך זאָגן דיר,
אַז עס לעבט ביי ביימער גרינע
אין אַ ווייטער וואַלד־מדינה
ביי גבורים זיבן ווו
די, וואָס שענער איז ווי דו״...
ס׳איז די מלכּה אָנגעפאַלן
אויף דער דינסט: „דו ביסט אַ בגזלן
מיך געגנאַרן? און אין וואָס?״...
זאָגט די דינסט אויס מיט פּאַרדראָס
אַלעס. ס׳הערט נישט אויף צו זידן
אַלץ די מלכּה, וויל זי שמידן:
„הרגע די פּרינצעסן שיין,
אָדער — מויט ווערסט זיין אַליין!״

ס׳איז געשען, אַז די פּרינצעסן
אין ערוואַרטונג איז געזעסן
און ביים פענסטערל געשפּינט;
פּלוצלינג הערט זי — ס׳בילן הינט
לעבן גאַניק; קוקט די קליינע:
ס׳גייט אַ בעטלערן אַ זקנה,

מיט אַ שטעקן פּאַך און פּאַך!
יאָגט דעם הונט, וואָס לויפט איר נאָך.
„ווארט נאָר אויפּעט, ליבע זקנה״,
שרייט דורך ס׳פענסטערל די שיינע:
„כ׳טרייב אַליין דעם הונט באַלד אָפּ
און איך ברענג דיר וואָס אראָפּ״.
ענטפערט אָפּעט איר די זקנה:
„אַך, דו מיידעלע דו קליינע!
ווי דער הונט אויף מיר זיך רייסט,
שיער אויף טויט מיך נישט צעבייסט.
זע נאָר, זע נאָר, ווי ער פלייסט זיך!
קום ארויס!״ — און יענע ווייזט זיך
ביי דעם גאַניק, ברויט נעמט מיט,
ווייל זי מאַכן אַ פּאָר טריט, —
לויפט דער הונט, צופוסנס פאַלט ער,
בילט און לאָזט נישט צו דער אַלטער;
נעמט די זקנה צוגיין — באַלד
ווי אַ חיה פון אַ וואַלד
פאַלט ער אָן. „וואָס האָט געטראָפן?
ער האָט שלעכט, געוויס, געשלאָפן״

די בת־מלכה איר פּאָרטרויט.
„נאַ־זשע, כאַפּ!“ און ס׳פליט דאָס ברויט.
ס׳האָט געכאַפּט דאָס ברויט די זקנה,
און געזאָגט: „איך דאַנק דיר, שיינע!
„זאָל דיך בענטשן גאָט, מיין קינד!
נאַ דערפאַר! נאָר כאַפּ געשווינד!“
און אַן עפּעלע אַ רייפער,
יונגער, גאָלדענער און שטייפער
טוט זיך שטיל אין לופט אַ גליטש...
טוט דער הונט אַ שפּרונג, אַ קוויטש...
„עס אים אויף געזונטערהייט!
און אַ דאַנק דיר פאַרן ברויט!“
די פּרינצעסן גייט צום טיר,
און דער הונט — ער לויפט נאָך איר,
קוקט אין פּנים איר, טוט קלאָגן,
ווי דאָס הינטיש האַרץ וואָלט נאָגן,
ס׳דאַכט — דער הונט איר זאָגן וויל:
„וואַרף אַוועק!“... זי גלעט אים שטיל
מיט איר הענטל מיט איר צאַרטער:
„זאָג וואָס איז דיר, מיין געגאַרטער?“

גייט אין חדר און פארמאכט
באלד דאָס טירעלע באַזאכט.
ביי דעם פענסטער זעצט זיך ווארטן,
און זי קוקט אַלץ אויף דעם צארטן
ליבן עפל, פריש באַגילט
און מיט זאפטן איבערפולט;
פול מיט פרישקייט און מיט דופטן,
לויכט זיך גאַלדיק אין דער לופטן,
ווי מיט מעד פול וואָלט ער זיין, —
מ'זעט די יאָדרעס דורכן שיין.
קאָן ביז מיטאָג זי ניט ווארטן,
ס'ציט צום עפעלע צום צארטן;
נעמט זי באַלד אים אין די הענט,
צו די ליפעלעך דערנענט,
און זי שלינגט אראָפּ אַ ביסן
פון דעם עפל פון דעם זיסן...
פלוצלינג טוט מיין שאַץ, מיין פראַכט,
זיך אַ וואקל גאָר אָן מאַכט,
לאָזט אראָפּ די הענט די טויטע,
לאָזט ארויס די פרוכט די רויטע,

ס׳שליסן זיך די אויגן צו,
און זי פאַלט אין שטומער רו
אויף דער לאַנגער באַנק אַנידער
מיט פאַרגליווערט=טויטע גלידער.

און אַהיים אין יענער צייט
האָבן פריילעך און פאַרשייט
זיך געקערט פון פעלדער ווידער
די גבורים, זיבן ברידער,
פון אַ בראַוון גרויסן מאָרד;
טוט אַ ריס זיך שנעל פון אָרט
זייער הונט און הויבט אָן ברומען,
חאָיעט, בילט און וויל נישט שטומען,
לויפט און לויפט און אין געלויף
ווייזט ער זיי דעם וועג צום הויף.
זאָגן ברידער מיט באַדויער:
„ס׳מוז ערוואַרטן אונז אַ טרויער!“
קומען זיי אין שלאָס פאַרטאָג,
און דער בייזער הונט פאַלט אָן
אויפן עפל, נעמט זיך כעסן,
נעמט דעם עפל שלינגען, בייסן,

ביז ער פּגרט. מן הסתם
איז ער פול געווען מיט סם.
ביי פרינצעסנס טויטע גלידער
שטייען טרויעריק די ברידער,
הייבן זי פון באַנק אויף שטיל,
טוען תּפילה מיט געפיל,
און זיי האָבן שוין געהאַלטן
אין דער ערד זי צו באַהאַלטן;
דאָך חרטה באַלד געהאַט:
ווי אין שלאָף, פאַרטרוימט און מאַט
איז זי שטיל און פריש געווען,
נישט געלעבט האָט דאָך איר ווען.
וואַרט מען אָפּ דריי טעג — איר שלאָף
איז אומענדלעך, אָן א סוף.
און איר רעכט די ברידער טוען,
און זיי לייגן זי צו רוען,
אין אַן אָרון פון קריסטאַל,
און זיי אַלע מיט אַמאָל
נעמען טראָגן אויף א פּוסטן
ווייטן באַרג, אין אומבאַוווסטן,

און דעם אָרון אין דער מיט
צו זעקס זיילן צוגעשמידט
פעסט מיט שטאָלענע מיט קייטן
און ארומגעצאָמט מיט פּלויטן;
און בײַם מת פאַרקלעמט, פאַרצאָגט,
שטייט דער עלטסטער אויף און זאָגט:
„שלאָף זשע רויק אין דײַן אָרון!
צוליב עמעצס האַס פאַרלאָרן
האָט די וועלט דײַן שיינעם גוף;
ס׳נעמט דײַן גייסט דער הימל אויף;
דיך געליבט האָבן מיר אַלע,
ביסט געווען אַ טרייע כלה;
דאָך האָסט קיינעם נישט געהערט,
בלויז דער קאַלטער קבר=ערד".

מיט אַ לויכטנדיקער צורה
אַלץ ערוואַרט אַ גוטע בשורה
האָט די מלכּה יענעם טאָג,
טרט צום שפּיגעלע אַ זאָג:
— „זאָג פאַראַן, חוץ מיר, נאָך איינע
אַזאַ שיינע, אַזאַ ריינע!"

און ס'איז באַלד אַן ענטפער דאָ:
„יאָ, קיין ספק איז נישטאָ;
ס'איז נישטאָ, חוץ דיר, נאָך איינע
אַזאַ שיינע, אַזאַ ריינע!" —

נאָך זיין כלה פליט דערווייל
פרינץ אלישע ווי אַ פייל,
דורך דער וועלט דער גאַנצער יאָגט ער,
נאָר אומזיסט! און ביטער קלאָגט ער,
פרעגט די וואַנדרער מיט געוויין —
ס'קאָן אים קיינער נישט פאַרשטיין;
יענער לאַכט זיך הויך פאַנאַנדער,
דער — ציט ווייטער אין זיין וואַנדער;
זעט ער — ס'טגאָרנישט זיין דערפון,
און ער ווענדט זיך צו דער זון:
„ליכט מיינס, זונעלע! אין גלאַנצן
גייסטו אים אַ יאָר אַ גאַנצן,
פאָרסט דעם ווינטער מיט דעם מאַי,
זעסט אונז אַלע — קינדער טריי;
כ'בעט דיך זאָלסט אַן ענטפער געבן —
האָסט געזען פּילייכט אין לעבן

א בת=מלכה ווונדערשיין?
כ׳בין איר חתן״. — „אך, מיין קרוין״,
זאָגט די זון — „אין גאנצער געגנט
כ׳האָב זי ערגעץ ני באגעגנט.
מן הסתם — זי לעבט נישט מער;
ס׳איז מיר ענטפערן דיר שווער
די לבנה פרעג — מיין שכנה,
אפשר זעט זי ווו דיין שיינע.״

ס׳ווארט אלישע אלץ פארשמאכט
אויף דער פינסטערניש פון נאכט;
ווי ארויס אין אָוונט שפעטן
איז די לבנה, נעמט ער בעטן:
„אך, לבנה, ליב און האָלד,
קליינער הערנדל פון גאָלד!
שטייגסט אין חושך ווי א ווונדער
א צעשטראלטער און א רונדער,
און מיט ליבע אָן א שיער
קוקן שטערנדלעך אויף דיר.
כ׳בעט דיך מיר אן ענטפער געבן:
האָסטו ווו געזען אין לעבן

א בת־מלכּה וווּנדערשיין?
כ׳בין איר חתן״. — „אַך, מיין קרוין״,
זאָגט לבנהשי, די ריינע,
„נישט געזען האָב איך דיין שיינע!
כ׳שטיי אין הימל אויף מיין וואַכט
נאָר בשעת עס קומט די נאַכט.
כ׳קאָן נישט אָפּגעבן קיין גריסן
פון דיין כּלה״. „ס׳טוט פאַרדריסן!״—
ענטפערט אפ דער פּרינץ. און טריי,
זאָגט לבנהשי אויפסניי:
— „וואַרט נאָר, אפשר אין דעם עטער
ווייס דער ווינט. דיר העלפן וועט ער.
גיי זשע, גיי צו אים אצינד;
זיי ניט טרויעריק, מיין קינד!״
און די האָפענונג ניט פאַרלאָרן,
נעמט צום ווינט אלישע פאָרן.
— „ווינט דו, ווינט דו! דו ביסט שטאַרק,
יאָגסט די וואָלקנס אויפן באַרג,
כוואַליעסט אויף דעם ים דעם ברייטן,
ווייסט אין פעלד אין וויט־צעשפּרייטן,

פילסט פאַר קיינעם נישט קיין שרעק,
אויך פאַר גאָט, וואָס זעט דיין וועג;
כ׳בעט דיך מיר אַן ענטפער געבן:
האָסטו ווען געזען אין לעבן
די בת־מלכּה וווּנדערשיין?
כ׳בין איר חתן״. — „וואו מיין קרוין״,
זאָגט דער ווינט, דער פרייער שטיפער, —
„הינטער יענעם טייכל, טיפער,
שטייט אַ באַרג אין הויכער פּראַכט,
איז אין אים אַ הייל געמאַכט,
דאָרט, אין יענער הייל פאַרלאָרן,
ליגט אויף קייטן זיך אַן אָרון,
פעסט צו זיילן זעקס געשמידט;
און קיין פוס־טריט זעט מען נישט,
ס׳איז דער מקום וויסט פאַר אַלע;
דאָרט אין אָרון ליגט דיין כּלה״.

ס׳טוט דער ווינט אויפסניי אַ יאָג...
דער בן־מלך מיט אַ קלאָג
גייט צום באַרג אַוועק אַ טריבער,
אויף זיין כּלה אויף זיין ליבער

נאָך אַ קוק טאָן כאַטש איינמאָל.
גייט און גייט; און פון אַ טאָל
שטייגט אַ באַרג אַן אומבאַוווּסטער,
אין דער אָרט אַרום אַ פוסטער;
און אַ פייל איז אין דער מיט,
און ער ווענדט אַהין די טריט.
ס׳וויגט זיך אום אין הימל פאַרלאָרן
אַ קרישטאָלענער אַן אָרון,
און אין אָרון איז פאַרמאַכט
די פרינצעסן מיט איר פראַכט.
און מיט גאַנצער מאַכט פון פלאָגן
ר׳האָט אַן אָרון זיך צעשלאָגן...
ווערט צעבראָכן דער קרישטאָל,
אין ס׳לעבט אָפּעט מיט אַמאָל
די בת־מלכה, גלויבט נישט ד׳אויגן,
און אויף קייטן שטיל באַוויגן,
זאָגט זי זיפצנדיק און באַנג:
„ווי דער שלאָף געווען איז לאַנג!"
און זי שטייט שנעל אויף מיט פרייד...
„אך!"... און ס׳ווײַנען גליקלעך ביידֿ׳...

פרעסט ער זי אין אָרעמס איין,
טראָגט פון פינסטערניש צום שיין,
און מיט שמחה מיט באַנייטער
אין זיין היים צוריק שוין רייט ער,
און א בשורה הילכט שוין פריי:
די בת־מלכה לעבט אויפסניי!

און גראָד דעמאָלט איז געזעסן
די שטיפמוטער פון פרינצעסן
פאַר איר שפּיגעלע אַליין,
פרעגט דעם שפּיגל אויף איר חן:
„איז פאַראַן, חוץ מיר, נאָך איינע,
אַזאַ שיינע, אַזאַ ריינע?“
זאָגט דאָס שפּיגעלע דאָס קליין:
„אָן א ספק — דו ביסט שיין,
דאָך איז שענער נאָך פון אַלע
די בת־מלכה, אונזער כלה!“
טוט זי זיך א ריס מיט כעס,
ברעכט דאָס שפּיגעלע אין האַס,
לויפט זי שנעל צום טיר פאַרלעגן —
קומט פרינצעסן איר אַנטקעגן...

כאַפּט זי אָן פּאַרדראָס און שרעק —
און די מלכּה שטאַרבט אַוועק.
מ'האָט געמאַכט נאָך דער לויה
באַלד אַ חתונה אַ טרייע;
און אלישע, אונזער העלד,
האָט אַ חופּה דאָן געשטעלט.
ס'איז זינט ס'לעבט נאָר מענטש און וועזן,
אַזאַ סעודה נישט געוועזן;
כ'האָב דאָרט אויך געמאַכט אַ טרונק,
בלויז די וואָנס געטאָן אַ טונק...

---

פארלאג „קולטור־ליגע" ווארשע.

# שול־ביבליאטעק

ערשטע סעריע

אָריגינעלע ווערק:

1. מענדעלי מו״ס — דאָס קעלבל.
2. שלום עליכם — דאָס מעסערל.
3. י. ל. פרץ — קינדער־לידער
4. ש. פרוג — דאָס שטייסל.
5. מ. ז. פייערבערג — ביינאַכט.
6. ח. נ. ביאַליק — נח און מאַרינקע.
7. ש. אַש — יאָסעלע.
8. אַ. רייזין — די פאַבריק. דער בוים.
9. מ. סטאַווסקי — לבן הארמי.
10. א. ראובני — קינדער.

---

צווייטע סעריע

איבערזעצונגען.

